פערלאג „התאחדות" ווארשא
פשעיאזד 5, וו. 7.




# א. ד. גארדאן

(זאמעל-העפט).

ארבעט איז שאפן,
שאפן איז ארבעט.
א. ד. גארדאן.

תרפ"ד ○ ○ ○ 1924

## אינהאַלט:


1) ביאָגראַפישע נאָטיץ.

2) דער אמת'ער לעהרער — מאַרטין בובער.

3) „פאָלק-מענש“ — א. ד. גאָרדאָן.

4) א. ד. גאָרדאָן — דער מענש — יצחק לופבאַן.

5) א. ד. גאָרדאָן — דער קנאי — יעקב פיכמאַן.

6) אפאָריזמען און געדאַנקען — א. ד. גאָרדאָן.





Drukarnia „Hacefira Warszawa, Leszno 54.

# אהרן דוד גארדאן.

א. ד. גאָרדאָן, דער שעפער פון דער רעליגיע פון אַרבעט אין ארץ־ישראל, איז געבוירען געוואָרען אין אָבאָדיעווקא, פּאָדאָליער גובערניע אין יאָהר 1853, בעקומען אַ משכיל'ישע ערציהונג און גע'שמ'ט אַלס עלוי. ער איז געווען בוכ־האַלטער ביים באַראָן גינזבורג. בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען די „חבת־ציון“־בעוועגונג, איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וואָס איז צו איהר צוגעשטאַנען. ער האָט זיך נישט בעפרידיגט מיט זאַמלען געלד און ערד־קויף. ער האָט גע־האַלטען, אַז יעדער יוד דאַרף זיך בעזעצען אין ארץ־ישראל און לעבען פון אייגענער אַרבעט. זייענדיג שוין אַלט 50 יאָהר, איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל און געוואָרען אַנ'איינפאַכער ערד־אַרבעטער. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ שומר אין די קאָלאָניעס. ג. האָט זיך אָנגעשלאָסען צום „הפּועל־הצעיר“, וואָס האָט זיך נישט לאַנג געגרינדעט און אַקטיוו זיך בעטייליגט אין דער פּאַרטיי.

גאָרדאָן האָט זיינע גאַנצע יאָהרען פערבראַכט אין „דגניה“, דער יודישער אַרבעטס־קאָלאָניע, וועלכע איז מיט איהר קאָאָפּעראַטיווער קבוצה־פאָרם אַמנאָהנטסטען געווען זיין האַרצען. דאָ אין דגניה, האָט דער אַלטער גאָרדאָן זיינע גאַנצע יאָהרען געאַרבעט אויפ'ן פעלד, דאָ האָט ער אויך געשריבען זיינע ווערק און אין אַ אַרטיקלען בעגרינדעט זיין טעאָריע פון אַרבעט.

אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זיין זיין אין ארץ־ישראל האָט ער נישט פערלאָזט דאָס לאַנד, נאָר בשעת ס'איז געלעגט געוואָרען דער יסוד פון דער אַלוועלטליכער „התאחדות“, איז ער געקומען אין יאָהר 1920 קיין פּראָג, וואו ער האָט געהאַלטען זיין היסטאָרישע ערעפנונגס־רעדע.

גאָרדאָן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אויסערגעוועהנליכער עניוות, תמימות, פשטות, עהרליכקייט, ליעבשאַפט צו די אַרבעטענדע פאָלקס־מאַסען; ער איז געווען, בלי גוזמא, דער פּאָפּולערסטער, בעליעבטעסטער מענש אין א"י.

דאָס לעצטע יאָהר איז גאָרדאָן קראַנק געוואָרען אויף אַ האַלז־ראַק. מען האָט איהם געבראַכט קיין ווין. זעהענדיג, אַז זיין קראַנקהייט איז אומאויס־היילבאַר, האָט ער געבעטען זיינע פריינד איהם צוריקפיהרען קיין ארץ־ישראל.

מיט אַ פילאָזאָפיש־עפּישער רוהיגקייט האָט גאָרדאָן פערבראַכט זיינע לעצטע מינוטען און כ"ד שבט תרפ"ב האָט ער אין דגניה אויסגעהויכט זיין נשמה.

אין זיין טאָג־בוך איז געווען פערנאָטירט:

... איך האָב געהערט דורך שטילשווייגען יעדען, וואָס איז אַוועק פון אונז און איך וואָלט וועלען, אַז אַזוי זאָל מען זיך בעגעהן מיט מיר. די, וואָס ווילען מיך בעעהרען, זאָלען מיך בעעהרען מיט שטילשווייגען. לכל הפחות, איין יאָהר זאָל מען איבער מיר גאָרנישט שרייבען און גאָרנישט רעדען...

ארץ־ישראל און דער גאַנצער גלות האָט אין אַ געדריקטען שטילשווייגען מקיים געווען זיין לעצטען ווילען.

# דער אמת׳ער לעהרער.

## (צום אַנדענקען פֿון א. ד. גאָרדאָן.)

אַמײנסטען פֿון די, וואָס האָבען אונז עפּעס וואָס צו לערנען, שטעהען פֿאַר אונז מיט אַ אױפֿגעהױבענעם פֿינגער, ריכטיג ווי זײ וואָלטען אונז פֿערזיכֿערט: „דאָס, וואָס כ׳וועל אײַך גלײַך זאָגען, האָט איהר נאָך ביז איצט ניט געוואוסט! עס שאַפֿט זיך דער אײַנדרוק, אַז דער אמת, וועלכֿען זײ זענען מבשר, האָט ניט עקזיסטירט ביז זײ האָבען זיך ניט דערטראַכֿט צו איהם. דער דאָזיגער אײַנדרוק לאָזט מיר ניט גלױבען זײער לעהרע ווי קלוג זי זאָל ניט זײַן.

עס זענען אָבער דאָ אַנדערע וואָס זאָגען צו אונז מיט אַ שמײכעל: „וואָס, אָט דאָס אָ ווײסט איהר נאָך ניט? אַך, איהר ווײסט עס גאַנץ גוט, איהר האָט עס נאָר פֿערגעסען! — לאָזט, כֿ׳וועל אײַך דערמאָנען וואָס איהר ווײסט!״ זײ בעגעהען זיך מיט׳ן אמת ניט ווי מיט עפּעס שפּאָגעל נײַעס, נאָר ווי מיט עפּעס אײביגעס און זעלבסטפֿערשטענדליכֿעס, וואָס איז אָבער עלול זעהר לײַכט צו פֿערגעסען ווערען, טאַקי מחמת ס׳איז אײביג און זעלבסטפֿערשטענדליך. נאָכמעהר: זײ בעהאַנדלען נאָר ניט געגױ זײער לעהרע, זײ רעדען פֿון איהר אַזױ זיך, פֿערבײַגעהענדיג, ווי ס׳וואָלט אין דעם ניט געוועזן קײן שום אױסערגעוועהנליכעס,— ריכֿטיג ווי מ׳רעדט פֿון אַ זעלבסטפֿערשטענדליכֿקײַט, אַפֿילו ווען דאָס דאָזיגע זעלבסטפֿערשטענדליכֿע איז דאָס אײביגע. און נאָר זעלטען רעדען זײ פֿון זײער לעהרע מיט ווערטער: אַמײנסטען איז נאָר בערעדעוודיג דער אופֿן ווי זײער רידעל צוגראָבט די ערד, ווי זײער אױג ווײַלט אױף די שטערענס, זײער גאַנצער אונמיטעלבאַרער לעבען רעדט וועגען זײער לעהרע.

די דאָזיגע לעהרער מוז איך גלױבען, אין זײער שווײַגען נאָך מעהר ווי אין זײערע ווערטער, — ווײַל כֿ׳מוז האָבען צוטרױ צו זײ. דער אײביגער אמת בעווײַזט אין זײ זײַן זעלבסטפֿערשטענדליכֿקײַט.

מאַרטין בובער.

# „פאלק־מענש".

די ערעפנונגס־רעדע אויף דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער
אַלוועלטליכער „התאחדות" (הפועל־הצעיר וצעירי־ציון)
אין פראג.

... איך מוז זאָגען דעם אמת: איך פיהל, אַז מיינע חברים האָבען אויף מיר אַרויפגעלעגט אַ שווערע אויפגאַבע איבער מיינע כחות. נישט דעריבער, ווייל איך בין נישט קיין רעדנער און אויך נישט דעריבער, ווייל איך האָב אימתא־דצבורא, נאָר ווייל דאָס, וואָס איך דאַרף אייך איבערגעבען, איז אונמעגליך אויס־צודריקען אין ווערטער.

איך און מיינע חברים פון ארץ־ישראל זענען אפילו געשיקט געוואָרען דורך „הפועל־הצעיר" נאָר צו פעראייניגען דעם „הפועל־הצעיר" און „צעירי־ציון". נאָר דעם אמת זאָגענדיג, לויט דער פאַקטישער לאַגע אין ארץ־ישראל און אין גלות איז אונזער אויפגאַבע, דאָס הייסט ,מיר זענען דעלעגירט געוואָרען — אין ברייטען זין פון וואָרט — פון ארץ־ישראל צום יודישען פאָלק צו פעראייניגען דאָס יודישע פאָלק מיט ארץ־ישראל. דער „הפועל־הצעיר" פון איין זייט און די „צעירי־ציון" פון דער צווייטער זייט זענען די ביידע עקען פון פאָדעם, וואָס בינדט און פעראייניגט.

צי בין איך אימשטאַנד אויסצודריקען אין ווערטער דאָס, וואָס די פּאַק־טישע לאַגע רעדט אָהן ווערטער? דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבען וועגען דעם גע־שריבען און גערעדט, איז כמעט גאָרנישט אין פערגלייך מיט דעם, וואָס מ'דאַרף זאָגען. מיר קומען אין נאָמען פון אַ שאַפּונג, וואָס האָט נישט זיין גלייכען אין דער וועלט, פון אַ זאַך, אויף וועלכע מיר קאָנען נאָר אָנדייטען מיט'ן פינגער: אָט האָט איהר אַ קוואַל פון געדאַנקען, וואָס מיר האָבען נאָך נישט געדאַכט, פון געפיהלען, וואָס מיר האָבען נאָך נישט געפיהלט, צו אַ לעבען, וואָס מיר האָבען נאָך נישט דורכגעמאַכט.

מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישראל צו בעלעבען דאָס פאָלק און דאָס לאַנד, נאָר דער עיקר דאָס פאָלק. דאָס אויפלעבען פון פאָלק שטעהט פריהער פון אויסלעזען דעם באָדען. מיר בויען אויסשליסליך אויף'ן פאָלק. נישט דורך אויסערליכע כחות און נישט מיט'ן גנאָד פון פרעמדע — וועלען מיר געהאָלפען ווערען. דער חסד פון פעלקער איז אַ זינד. אַ פאָלק דאַרף נישט קריגען זיין אויפ־לעבונג און בעפרייאונג דורך גנאָד און צדקה. זיין קראַפט טראָגט ער אין זיך אַליין. מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישראל איידער מיר האָבען בעקומען טובות.

מיט זעכצעהן יאָהר צוריק, אין דער צייט, ווען מיר האָבען נאָך נישט געקלערט און נישט גע'חלומ'ט איבער דעקלאַראַציעס, זיכער אין אונזערע אייגענע כחות, אין כח פון פאָלק. אויך היינט איז דער עיקר אונזער אייגענער כח, דער כח פון פאָלק, דער ווילען פון פאָלק, די ענערגיע און איבערגעבענהייט פון פאָלק. ארץ־ישראל איז דאָס לאַנד פון פאָלק און דאָס פאָלק דאַרף עס אויפלעבען און בענייען זיין רעכט אויפ'ן לאַנד דורך אַרבעט, שאַפען און לעבען.

אָבער די דאָזיגע איינפאַכע זאַך, די דאָזיגע קלאָרע אידעע, אַז די אויסלעזונג פון פאָלק ליגט אין איהם אַליין, אין זיין ווילען, אין זיין אַרבעט, אין זיין שאַפען, איז אַמשווערסטענס אויפצוקלערען, געבען איהר אַ געשטאַלט פון מעכטיגע, לעבעדיגע, אונאויפהערבאַרע פאָדערונג, אַקטיוויזירען זי אין דער נשמה פון פאָלק, אין לעבען פון פאָלק. אַלץ, וואָס מיר האָבען ביז איצט געטהון, אונזער גאַנצע אַרבעט אין ארץ־ישראל, איז געווען אַ מין פאָרבערייטונג צו דעם דאָזיגען מאָמענט, אַ זעלבסט־הכשרה, בכדי מיר זאָלען אייך קענען ווי־עס־איז זאָגען, וואָס דאָס לאַנד פערלאַנגט פון אייך, וואָס דער היסטאָרישער מאָמענט פאָדערט פון אייך.

אָט פון דער דאָזיגער קליינער טריבונע רעדען מיר דאָך איצט נישט נאָר צו אייך, פערזאַמעלטע, נאָר צום גאַנצען פאָלק, און איך האַלט עס נישט פאַר קיין גדלות, ווען איך וועל זאָגען, אַז מיר רעדען צו אַלע פעלקער. נישט מיר — אונזער לאַנד רעדט צו אַלע פעלקער. מיר קומען בלויז אויסצודריקען, מרמז זיין אויף דעם, וואָס דאָס לאַנד זאָגט, און מיר זאָגען צו אייך, צום גאַנצען פאָלק: דאָס לאַנד וואַרט אויף אייך. וואַכט־אויף, שטעהט־אויף, ווילט דאָס, וואָס מען דאַרף וועלען, טהוט דאָס, וואָס ס'איז נויטיג צו טהון, גיט אונז די אייגענע דעקלאַראַציע, די דעקלאַראַציע פון פאָלק! אויב דאָס פאָלק וועט נישט ערוואכען, אויב ער וועט נישט געבען די דעקלאַראַציע, וועט גאָרנישט זיין.

אין דער שעה, ווען איך שטעל מיר פאָר די פולשטענדיגע רעוואָלוציע, וואָס דאַרף פאָרקומען אין אונזער נשמה און אין אונזער לעבען, האַלט איך כמעט פאַר אַ העזה צו רעדען איבער זאַכען, וואָס דאַרפען לעבען אין האַרץ פון יעדען פון אונז, צו זיין דער פועל־יוצא פון דעם אייגענעם לעבען און נישט קיין ענין פון ווערטער.

אַ פאָלק פון מעקלערס, סוחרים, קליינהענדלער, שפּעקולאַנטען, פּאַסעקציהערס, דאַרפען מיר פערוואַנדלען אין אַ לעבעדיגעס, אַרבעטס־און־שאַפונגס־פאָלק. — און וואָס טהוען מיר? וואָס מאַכען די, וואָס קומען עפּעס טהון? אַלעס, אָבער נישט דאָס, נישט די אמת'ע אויפלעבונגס־אַרבעט, נישט די אַרבעט פון בענייען דאָס פאָלק. מיר פערמאָגען ציוניסטישע כלל־טהוערס פון אַלע מינים, וואָס אַרבעטען אַליין און בעוועגען אַנדערע צו טהון, מיר האָבען כל המינים פּאַרטייען און גרופּירונגען, וואָס קומען ברענגען די גאולה פאַר דער מענשהייט, אָבער דער עיקר, אונז אַליין, די אַרבעט, וואָס מיר דאַרפען

אַ ל י י ן טהון, די רעוואָלוציאָניזירונג פון אונזער יעדענס נשמה, פון דער פאָלקס-נשמה און פון דעם פאָלקס-לעבען — דאָס פערגעסען מיר אָדער מיר זעהען עס נישט. מען זעהט נישט, אַז אונזער אויפלעבונג איז אַ נייע שאַפונג, אַ שאַפונג, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען, דאָס בעשאַפען פון אַ נייען מענש דורך אַ נייַ לעבען, דאָס שאַפען פון אַ נייַ פאָלק. מיר ווילען בעשאַפען דעם פ אָ ל ק - מ ע נ ש.

מיט דער גאַנצער פולסטער זיכערקייט זאָג איך, אַז דאָס מענשליכע געמיינשאַפטליכע לעבען, אָדער ווי מען רופט עס היינט, דאָס סאָציאַלע לעבען איז פעהלערהאַפט, און יעדער יחיד געפינט נישט דעם ריכטיגען לעבענס-וועג, הויפטזעכליך דעריבער, ווייל דאָס פאָלק, דער שעפער פון דעם געמיינשאַפטליכען לעבען, איז פעהלערהאַפט. איך בעדאַרף נישט זוכען ווייטע בעגרינדונגען: די מלחמה האָט אונז געגעבען גענוג ביישפּיעלען. מיר זעהען, אַז דער יחיד, ווי ווייט ער זאָל נישט זיין פון מלחמות, פערמאָגט ער דאָך דאָס געפיהל פון אונפאָלקאָמענהייט און אַ בעהאַלטענער זעלישער בעגעהר נאָך פאָלקאָמענהייט, צו גוטס און ליכט, אַ בעגעהר, וועלכער בעקומט אָפטמאָל אַ געשטאַלט פון אַ לעבעדיגער שטרעבונג, וועלכע קומט צום אויסדריק אין פערשידענע שטרעמונגען און בעוועגונגען. אַלענפאַלס, ווען ער זינדיגט, ווילענדיג אָדער נישט ווילענדיג, געגען די הויכע מענשליכע אידעאַלען, געפינט ער, דער יחיד, די נויטווענדיגקייט צו בערעכטיגען זיך אַליין. אָבער דאָס פאָלק, אַלס אַ קאָלעקטיווע פערזענליכקייט, איז אַ ווילדע אַכזריות'דיגע און נידריגע חיה, וואָס האָט זיין גלייכען נישט. דאָס פאָלק אַלס אַזעלכעס, נישט נאָר וואָס עס מעג מאָרדען, גזל'ענען, גנב'ענען, ליגען זאָגען, פעלשען, בעגעהן די געמיינסטע טהאַטען, נאָר דאָס אַלץ ווערט איהם פעררעכענט פאַר אַ שבח, אַ העלדישקייט, פאַר אַ זאַך, וואָס איז כדאי דעם מענש מקריב זיין דערויף. און אין דעם, ווי מיר האָבען געזעהן בשעת דער מלחמה, זענען גלייך אַלע קלאַסען, אַלע פּאַרטייען און גרופּירונגען. אַלע אידעאַלען און אַלע מענשליכע און וועלטליכע שטרעבונגען ווערען מטושטש און בטל פאַר דער דאָזיגער טיערישער פאָדערונג, פאַר דעם גראָבען עגאָאיזם פון פאָלק. און וואָס איז דען דאָס פאָלק פון דעם שטאַנדפּונקט אויס, אויב נישט אַ קאָלעקטיווע פערזענליכקייט, אויב נישט דער שעפער פון קאָלעקטיווען לעבען? און ווי אַזוי קען אַזאַ לעבען ווערען מענשליך, אפילו ווען עס וועט געבויט ווערען אויפ'ן יסוד פון דער גערעכטיגסטער סאָציאַלער אָרדנונג?

דער בּלל פון דער זאַך איז: אויב עס איז נישטאָ ד אָ ס פ אָ ל ק - מ ע נ ש, איז אויך נישטאָ דער מ ע נ ש - מ ע נ ש, נישטאָ דער יחיד-מענש. און ווער דאַרף זיך נאָך אַזוי אָבשטעלען דערויף ווי מיר, יודישע קינדער? מיר האָבען די ערשטע ערקלערט, אַז דער מענש איז געשאַפען געוואָרען אין געשטאַלט פון גאָט, מיר דאַרפען ווייטער געהען און זאָגען: דאָס פאָלק דאַרף בעשאַפען ווערען אין געשטאַלט פון גאָט. און נישט ווייל מיר זענען בעסער פון אַנדערע, נאָר

ווײַל מיר האָבן געליטן און געטראָגן די אַלע צרות אויף אונזערע פּלייצעס. מיט דעם פּרײַז פון אונזערע יסורים, וואָס האָבן נישט זייערס גלײַכן, האָבן מיר זיך ערוואָרבן דאָס רעכט צו זײַן די ערשטע בײַ דער דאָזיגער שאַפונג און מיט דער קראַפט פון אונזערע ליידן וועלן מיר געפינען דעם כח צו דער דאָזיגער שאַפונג. פון מיסט מאַכט מען אַ לײַכטענדען גאַז, — און מיר האָבן געמאַכט פון אַלע צרות און יסורים פון גיהנום אַ בעהאַלטענע ליכט און מיר וועלן עס ענטפּלעקען בײַם שאַפן דעם פאָלק-מענש, אַ פאָלק אין געשטאַלט פון גאָט.

דאָס איז די פאָדערונג. אין אַלע אונזערע לעגענדעס, אין אונזער גאַנצער אַלטער ליטעראַטור ווערט גערעדט וועגן דעם פערבאָרגענעם ליכט. עס איז פאַרהאַן. ווען נישט דאָס, וואָלטען מיר נישט עקזיסטירט קרוב צוויי טויזענד יאָהר אין די גיהנום-ליידען פון גלות. אָבער ווען מיר ווילען אַרויסנעהמען דאָס ליכט פון זײַן שייד, ווערט עס צוקראָכען אונטער די פינגער, ווערט פערוואַנדעלט אין קלייניגקײַטען, אין לײַכטענדע מטבעות, אין אידעאַלען געבאָרגטע בײַ פרעמדע און לײַכט-פערשווינדענדע.

מיר האָבן שוין פערגעסען דעם טעם פון לעבען פון אַ לעבעדיגעם פאָלק און האָבן זיך אַליין פערגעסען. אונזער לעבען אין גלות איז נישט קיין לעבען. מיר זענען אַ פאָלק פון פּאַראַזיטען. מיר האָבן נישט קיין וואורצלען אין דער ערד, מיר האָבן נישט קיין באָדען אונטער אונזערע פיס. און נישט נאָר אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט זענען מיר פּאַראַזיטען, נאָר אויך אין גײַסט, געדאַנק, פּאָעזיע, ליטעראַטור, גוטע מדות, אידעאַלען און הויכע מענשליכע שטרעבונגען. יעדער שטראָם אין לעבען פון פרעמדע שלעפּט אונז מיט, יעדער ווינד, וואָס בלאָזט בײַ אַנדערע, טראָגט אונז אַוועק. מיר עקזיסטירען כמעט נישט פאַר זיך. און ממילא זענען מיר גאָרנישט אין די אויגען פון די איבעריגע פעלקער; מיר פערנעהמען נישט קיין אָרט צווישען זיי אַלס פאָלק, אַלס בעזונדערער נאַציאָנאַלער גוף, אַלס אַ בעזונדערער קנאָכען אָדער אַ אבר פון דער מענשהײַט, ווײַל מיר זענען פּאַראַזיטען אויף די קערפּער פון פרעמדע פעלקער. נישט צוליעב אונזער שולד זענען מיר דערצו דערגאַנגען, אָבער דאָס איז אַ פאַקט, אַזוי איז דער גלות. אַט דאָס טשעכישע פאָלק, אַ פאָלק נישט גרעסער אין צאָהל אָדער אפילו קלענער פון אונזער פאָלק, איז אויך געווען פערשקלאַפט, אָבער זיי האָבן זיך געפונען אויף זייער באָדען, רעדען מיט זייער שפּראַך — און יעצט האָט עס אויפגעלעבט; עס איז אַנ'אָבר אין קערפּער פון דער מענשהײַט און אַלע פעלקער רעכענען זיך מיט איהם. און מיר וואָס? ווער רעכענט זיך מיט אונז?

דער וועג צו אונזער אויפלעבונג איז דער וועג פון אַרבעט און שאַפען. מיר שטרעבען צו פערוואַנדלען אונזער פאָלק אין אַנ'אַרבעטס- און שאַפונגס-פאָלק. אין ארץ-ישראל זוכען מיר אונזער נאַטירליכע שאַפונגס- און אַרבעטס-הויז; דעם נאַטירליכען באָדען, צו לאָזען אין איהם אונזערע וואורצלען, וואָס

זענען פון איהם אַרויסגעריסען געוואָרען. און דאָס איז אונזער גאַנצע אַרבעט אין ארץ־ישראל.

מ׳טענה׳ט, אַז ארץ־ישראל קען נישט אַרײַננעהמען דאָס גאַנצע יודישע פאָלק. איך ווייס נישט, כ׳בין נישט קײן פּאָליטיקער און כ׳קען נישט זאָגען וויפיעל יודען קאָן אָדער קאָן נישט ארץ־ישראל אַרייננעהמען. אָבער אײנס קאָן איך זאָגען, אויב ארץ־ישראל וועט נישט אַרײַננעהמען דאָס גאַנצע פאָלק אָדער אפילו נישט דעם גרעסטען טײל פון פאָלק, אויב נאָר אַ בעדײַטענדע טײל פון פאָלק וועט זיך דאָרט בעזעצען, אויפוואַכען, פיהרען אַ לעבען פון אַ לעבעדיג פאָלק, וואָס ציהט זיין יניקה פון דעם נאַטירליכען שורש, אַרבעט און שאַפט, זעה איך נישט אײן קײן אומגליק, אויב זײַנע צווײַגען וועלען זיך ציהען צו אַנדערע לענדער. יעדעס לעבעדיג פאָלק האָט זיינע קינדער אין פערשידענע לענדער. וויפיעל, למשל, דײַטשען, פראַנצויזען, ענגלענדער און אַנדערע זענען אין רוסלאַנד און פערקעהרט, וויפיעל רוסען זענען פאַרהאַן אין דײַטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַזוי ווײַטער. עס איז נישט שרעקליך, אויב אַ טייל פון פאָלק אָדער די מעהרהײַט פון פאָלק וועט זײַן פערשפּרייט איבעראַל, אויב מיר וועלען האָבען דעם שורש אין אונזער לאַנד. די פערשפּרײטע טײלען פון פאָלק וועלען דעמאָלט נישט האָבען דעם כאַראַקטער פון פּאַראַזיטען אויף פרעמדע קערפּערס, נאָר דעם כאַראַקטער פון צווײַגען, וואָס זויגען זייער יניקה פון אייגענעם שורש און פערשפּרײטען זיך ווײַטער פון דעם אָרט פון זײער יניקה. דעמאָלט וועלען מיר צוריק ווערען אַ רינג אין דער פעלקער־קײט, אַן׳אֵבר אין דעם גוף פון דער גאַנצער מענשהײַט.

די זאַך בעשטימט און בעגרעניצט אונזער טעטיגקײט אין לאַנד און אין אויסלאַנד, אונזער בעציהונג צו אַנדערע פעלקער און אונזערע פאָדערונגען צו זיך אַליין און צו פרעמדע.

אין בעציהונג צו זיך און צו אונזער לאַנד: די אויפלעבונג פון פאָלק, די בענײַאונג פון אַ פּאַראַזיטען־פאָלק אַלס אַרבעטס־ און שאַפונגס־פאָלק קאָן געשעהען בלויז דורך אַרבעט, אין אַלע איהרע פאָרמען, אָבער הויפּטזעכליך דורך פ י ז י ש ע אַרבעט, בעזונדערס דורך די אַרבעט אין שויס פון נאַטור. אַלע טיילען פון פאָלק דאַרפען אַרבעטען. און אויך די ערלעזונג פון לאַנד וועט קומען נישט אַנדערש ווי נאָר דורך אַרבעט, דער ערוועָרב פון באָדען קאָן געשעהען בלויז דורך אַרבעט נישט נאָר פון דער סאָציאַליסטישער אויפפאַסונג, נאָר אויך פון דער נאַציאָנאַלער. דאָ האָבען מיר צו טהון מיט אַ פאָלשטענדיגער רעוואָ־לוציע פון גײַסט, פון די לעבענס־געוואוינהײַטען אין בעצוג צום לעבען און דעם טעם פון לעבען און ס׳איז פאַרהאַן אויך אַ רעוואָלוציע אין געדאַנקען־גאַנג אין די פערשטענדניש פון לעבענס־ערשײַנונגען. דאָס איז נישט קײן קאַמף צווישען אַרבעט און קאַפּיטאַל, נאָר אַ קאַמף צווישען פּאַראַזיטיזם און שאַפונג. נישט דער קאַפּיטאַל איז דער עיקר, נישט ער איז דער כח און נישט אין איהם איז

דאָס גליק און טעם פון לעבן. דאָס וויכטיגסטע איז די שאַפונג. און דאָס גלייכען איז אויך אין בעצוג צו אַנדערע פעלקער און לענדער, וואו אונזער פאָלק איז פערשפרייט. אויך אין די גלות־לענדער דאַרף אונזער פאָלק אַרבעטען. מען פרעגט: וואָס איז די אויפגאַבע פון ציוניזם אין גלות, ווי איז זײַן בעציהונג צו דער געגענוואַרטס־אַרבעט? זײַן אויפגאַבע אין גלות איז — צו פערוואַנדלען דאָס פאָלק אין אַ אַרבעטענדעס און שאַפענדעס. און אויך דאָרט איז דאָס וויכטיגסטע די שאַפונג און נישט דאָס פערמעגען. מיר וואוינען צווישען די פעלקער און צווישען אונז און זיי איז נישט פאַראַן קיין שום געגענזײַטיגע פערשטענדניש און געוואונשענע מענשליכע בעציהונגען. דורך אַרבעט און שאַפונג וועלען מיר פערשטעהען זיך אויסלערנען די נאַטור פון זייער לאַנד אין איהר גאַנצער טיעפקײַט פערשטעהען זייער גײַסט, און דורך די אַרבעט און זעלבסט־שאַפונג וועלען מיר זיי אויסלערנען צו פערשטעהען אונז.

און פון דעם פאָלגען די פאָדערונגען, וואָס מיר דאַרפען זיי שטעלען. מיר פאָדערן נישט פון זיי בעזונדערע רעכט, — מיר פערלאַנגען פון זיי בלויז יענע מענשליכע רעכט, וואָס זיי האָבען אַוועקגערויבט פון אונז; און, קודם־כל, דאָס רעכט צו ווערען אַנ׳אַרבעטס־ און שאַפונגס־פאָלק. אויף זיי ליעגט די מאָראַלישע פליכט העלפען אונז מיט זייער אײַנפלוס צוריקצובעקומען אונזער לאַנד, — זעלבסטפערשטענדליך, אַז מיר זאָלען נישט פערדרענגען דאָס אַראַבישע פאָלק און אַנדערע — און זיי זענען פערפליכטעט צו ערמעגליכען אונזער פאָלק, וואָס וואוינט אין זייערע לענדער, צו אַרבעטען, בעזונדערס בעשעפטיגען זיך מיט ערד־אַרבעט און לעבען דורך אַרבעט.

און מען דאַרף נישט מורא האָבען, אַז די פערבינדונג מיט׳ן באָדען אין פרעמדע לענדער וועט איבעררײַסען אין דער נשמה פון פאָלק דעם פאָדעם, וואָס פעראייניגט זיי מיט ארץ־ישראל. אַ לעבעדיג, אַרבעטס־פאָלק ציהט די יניקה פון זײַן שורש, און דער דאָזיגער שורש איז — א ר ץ ־ י ש ר א ל. דאָס יודישע לעבעדיגע פאָלק וועט זײַן צוגעבונדען צו ארץ־ישראל, ווײַל עס וועט זײַן אַ געגענזײַטיגע השפעה צווישען דעם שורש און זײַנע צווײַגען, צווישען ארץ־ישראל און די איבעריגע לענדער. אויך צווישען דעם יודישען פאָלק און די איבעריגע פעלקער וועט זײַן אַ געגענזײַטיגע השפעה. ווער פערשטעהט מעהר דעם צווייטען, אויב נישט דער, וואָס איז מעהר אינדיווידועל, ווער ס׳האָט אַ מעכטיגע און רײַכע אײגענאַרטיגקײַט. ווען מיר וועלען פערמאָגען אַ לעבעדיגע, אַרבעטסזאַמע און שאַפענדע אײגענאַרטיגקײַט, וועלען מיר אויך אַנדערע בעסער פערשטעהן און זײַן אַ מזל־ברכה פאַר פרעמדע. און נישט קיין ברכה אַלס נדבה, נאָר אַ ברכה פאַר אַ ברכה, אַ געגענזײַטיגע ברכה.

דאָס איז דער וועג פון אונזער אויפלעבונג און אונזער בעפרײַאונג. קיין אַנדער וועג איז נישטאָ. ווען מיר וואָלטען אפילו געוואָלט בענוצען די קראַפט פון פויסט, האָבען מיר דאָך נישט דעם דאָזיגען כח. אונזער קראַפט איז אין

גייסט, אָבער נישט אין אַ נאַקעטען באַדענלאָזען גייסט, נאָר אין גייסט פון אַרבעטענדען און שאַפענדען לעבען. מיט'ן כח פון שאַפען און קולטור וועלען מיר אויפלעבען, מיט'ן כח פון שאַפען און קולטור וועלען מיר צוריק עראָבערן אונזער לאַנד. נישט מיט'ן גנאָד פון פעלקער, נאָר מיט אייגענעם כח, מיט דער בענייאונג פון אונזער אייגענאַרטיגקייט דורכ'ן לאַנד און מיט דער אויפלעבונג פון לאַנד דורך אונז אַליין.

**א. ד. גאָרדאָן.**

פון העברעאישען דורך **מ. טאצא.**



# א. ד. גארדאו—דער מענש.

זיין צניעות'דיגע צואה האָט אונז פערפליכטעט צו שווייגען. אַ יאָהר לאַנג האָבען מיר נישט נאָכגעזאָגט קיין שבחים נאָך זיין מטה — מיר האָבען איהם מלוה געווען מיט אַ שטום איינגעהאַלטענעם געפיהל, אַז אָט איז פער־שוואונדען געוואָרען דער שענער זקן פון די פעלדער פון גליל, וואָס יעדער טאָג מיט איהם האָט בעדייט גליק און אַ מאָראַלישע שטיצע, און יעדער טאָג אָהן איהם — אַ פוסטען חלל און יתומ'דיגקייט...

מיר האָבען איהם נישט מספיד געווען ווי עס בעדאַרף צו זיין — און דאָך איז געווען דאָס ריכטיגע. מספיד זיין גאָרדאָנ'ען? מספיד זיין אַ מענשען וואָס ווערט נפטר אין העכסטער מענשליכער לויטערקייט? בעוויינען אַ מענשען, וואָס איז געשטאָרבען מיט'ן טויט פון גערעכטע, וואָס דורות קענען זיך ווינשען זיינס גלייכען? אפילו אין איצטיגען מאָמענט בעת מיר זענען פריי פון זיין צואה, וועלען מיר נישט אויפשטעלען צווישען איהם און אונז קיין מחיצה פון קלאָג־רייד, מיר וועלען נישט דערלאָזען, אַז דער טויט זאָל אונז צושיידען פון איהם.

מיט אונז איז ער נישטאָ מעהר. אָבער ער געהט פאַר אונז ווי אַ לויכ־טענדער לעבענס־בילד, ווי אַ וואונדער־מענש וואָס טראָגט אַ פאַקעל, אַ גרייז־גרויער מיט יוגענד־לאָקען; אַנ'אַלטער פול מיט יוגענד פרוכט, וואָס זיין לע־בען איז אַ סימבאָל פאַר אַ גאַנצען דור און זיין לעבענס־שטייגער — אַ לעזונג פון דער טיפער רעטעניש אויפ'ן בעפרייאונגס־וועג פון פאָלק און דעם יודישען מענשען.

צי דען דאַרפען מיר איהם בעהענגען מיט שילדען? אַ לעהרער, אַ פיהרער און די אַלע שמות נרדפים, וועלכע דערצעהלען די שבחים פון טויטע — וואָס בעדייטען זיי׳ ענטקעגען דער דאָזיגער לויכטענדער פערזענליכקייט, וואָס האָט אונז געבראַכט די בשורה פון אונזער צוקונפטיגען מענשען? ער איז געווען דער ערשטער אין דער רייה, דער ערשטער צווישען די, וואָס פליאַסטערען דעם פרייהייטס־וועג פאַר'ן פאָלק; מיט אַנ'איינגעבויגענעם רוקען איבער אַ שווערען

רידעל און מיט אַ אויפגעהויבענער קאָפּ ענטקעגען דער צוקונפט פון אַ בעניטט לעבען, דורך יגיעת־כפים און דעם געזאַנג פון האַמער, דורך אומקעהרען זיך צו דער ערד, צו דער אור־קראַפט פון בעפרייענדען שאַפען.

ער האָט צוטראָגען איבער אונזער מחנה די בשורה פון אַרבעט. פון אַרבעט, וואָס טראָגט אין זיך אַ בשורה, פון אַרבעט, וואָס קעהרט־אום די קרוין פון אַ גערעכטען לעבען צו אַ אויסגעוואָרצעלטען פאָלק, וועמעס עקזיסטענץ ס'איז פערקריפּעלט געוואָרען דורך אַ ווירטשאַפטליכען און גייסטיגען פּאַראַזיטענטום, וואָס איז אויסגעריסען געוואָרען פון דער ערד, דער מוטער און שפּייזעריןפון אַלע בעשעפעניש... וואָס איז אָפּגעריסען געוואָרען פון דער אַרבעט, וואָס בעשענקט מיט שאַפונגס־גליק און ברענגט צו ענטפּלעקונג די פּערזענליכקייט פון יחיד און פאָלק אין דעם אייביגקייטס־געדאַנק אינ'ם לעבען.

נישט קיין פילאָסאָפיע — נאָר דער וועג, וואָס פיהרט פון אונמיטעלבאַרען בעגרייפען צום פעלד. נישט געדאַנקען, וועלכע ווערען אַריינגעוואָרפען ווי נשמות אָהן גופים אין וועלט־חלל — נאָר אַ לעבענס־טהאַט, וואָס זויגט זיין חיונה פון צואַקערטען באָדען און זיין רוח־הקודש — פון די געוויקסען פון פעלד. נישט קיין פּראָגראַם, וואָס איז אָפּגעטיילט פון לעבען, נאָר אַ לעהרע פון אַ בעפרייענדער טהאַט, וואָס נידערט־אַראָפּ ווי שווים פונ'ם שטערען פון אידישען אַרבעטער.

„מיר מוזען זיין די ערשטע“ — האָט געזאָגט גאָרדאָן. די ערשטע, וואָס פערקניפּען די צוריסענע פעדים צווישען געדאַנק און דער טהאַט. די ערשטע וואָס שטעלען ווידער צונויף די שאַפונגס־איינהייט, וואָס איז צושפּליטערט געוואָרען דורך די זינד פון דורות. מיר מוזען געשטאַלטען אונזער לעבען, ער זאָל ווערען אַ ביישפּיעל און אַ מוסטער פאַר אַנדערע; דעם לעבען פון יחיד אַ ביישפּיעל פאַר מאַסען, דעם לעבען פון פאָלק אַ מוסטער פאַר די פעלקער. מיר דאַרפען ווערען בבחינת „המסבע אשר הראה בהר“. נישט קיין מוסר־זאָגער און סתם אמת־פּרעדיגער, נישט קיין אידעען־קעמפער און תורות־געבער, — נאָר אַרבעטער און שעפער, וואָס בויען און שאַפען קודם־כל אונזער לעבען אויף אינערליכע אמת־יסודות. און נישט אין אָרדנונגס־ענדערונגען נויטיגען מיר זיך, נאָר אין אויסרייסען דאָס שלעכטס מיט'ן וואָרצעל, אין איבערבויען פון גרונד־אויס אונזער לעבען, בעפרייט פון די ירושה־פערקריפּלונגען, וואָס האָבען זיך צו אונז בעהעפט; רייין פון רויב און אונגערעכטיגקייט, וואָס האָבען געשלאָגען וואָרצלען אין די בעציהונגען פון מענש צו מענש און פון פאָלק צו פאָלק.

לאָמיר זיך, קודם־כל, אומקעהרען צו זיך גופא. לאָמיר אויפהערען צו זיין „אַ כוואַליע אויף די לעבענס־שטראָמען פון אַנדערע“. לאָמיר אויפהערען צו טריגקען געבאָרגטע וואַסערען פון פרעמדע קוואַלען — לאָמיר שעפען מיט פרייד אונזערע אייגענע וואַסערען פון די אור־קוואַלען פון שאַפען.

אויפ'ן אָרט, וואו אונזער לעבען איז פערקריפּעלט געוואָרען, וועלען מיר זוכען אונזער תקון.

ער האָט צוטראָגען איבער אונזער מחנה די בשורה פון מ ע נ ש ע ן. זיין געשטאַלט האָט ער אונז געוויזען אין זיין איינגענעם לעבען און זיין לעבענסשטייגער. זיין לעבען צווישען אונז — דאָס איז דער עיקר. זיין שרייבען איז נאָר אַ משנה=תורה פון דער פערזענליכער פערווירקליכונג.

די „יאַסנאַיאַ=פאָליאַנאַ“ פון גאָרדאָנ׳ען איז אפשר געווען שענער און זי האָט מעהר בעלויכטען די הערצער, ווי טאָלסטאָי׳ס. גאָרדאָן האָט נישט געטראָגען דעם אַרבעטס=ראָק ווי מען טראָגט אַן אַסקעטען=בגד; ער האָט נישט געוואָלט שאַפען קיין סעקטע, וואָס פערפאָלגט אַ רעליגיעז=עטישען געדאַנק; ער איז געקומען מיט׳ן פאַקעל פון אַ איבערקעהרעניש, מיט אַ שטאַרקער לעבענספאָדערונג פאַר׳ן פאָלק און פאַר דער מענשהייט. נישט קיין יחיד, וואָס לעבט אין התבודדות, נישט קיין הייליגער פרוש, וואָס פרעדיגט זיין תורה אין דעם מדבר, נאָר אַ פאָהן=טרעגער פון אַ בעוועגונג, וואָס קומט אַדורכפיהרען פון גרונד־אויס אַ רעוואָלוציע, פיהרען אַ אָנגריף=מלחמה געגען דעם זינקען פון לעבען ביי זיין פאָלק און ביי די פעלקער, געגען די פערפיהרערישע פאַלשקייט, וואָס האָט אַרויפגעפיהרט די וועלט אויף קרומע וועגען, וואָס פיהרען צום גרויסען אומגליק און שרעקליכע ליידען פון קנעכטשאַפט און הערשאַפט, פון רויב און עקספּלואַטאַציע, פון שנאה און ברידער=מאָרד.

אַ רעוואָלוציע — דורך בויען; אַ אָנגריף=מלחמה — דורך שאַפען; די בעפרייאונג פון מענשען — דורך דער פולקאָמענסטער איבערגעבענהייט צום פאָלקסטימליך=נאַציאָנאַלען פרימאַט, וואָס איז בעשטימט דורך דער נאַטור צו זיין דער טרעגער פון עטאָס אין דער גרויסער מענשען=משפחה.

נאַציאָנאַליזם בעזונדער און סאָציאַליזם בעזונדער — האָט ער אָפּגעוואָרפען. עקאָנאָמיק בעזונדער און עטיק בעזונדער — האָט ער אויך נישט אָנגענומען. ער האָט אָפּגעוואָרפען די מעכאַנישע דיפערענציאַציעס, וואָס בעהערשען די לעבענס=בעגריפען אין דער בין=השמשות=צייט פון דער מענשהייטס־ירידה. ער האָט מורד=געווען אין דער וויסענשאַפט, וואָס פערגוואַלדיגט די שעפּפערישע גאַנצקייט פון קאָסמאָס און צוגלידערט איהם ביז צו נשמה=לאָזער אַטאָמיזאַציע. פון אַ ברייט=האָריזאָנטיגער אינטואיציע האָט ער געזעהן די וועלט און די לעבענס=קאָמפּלעקסען ווי אַ אונצוטיילבאַרע איינהייט — און אין די ראַהמען פון די דאָזיגע האָריזאָנטען האָט ער אויך געזעהן דעם לעבען פון יודישען פאָלק, די רעטעניש פון זיין לעבען און איהר לעזונג, די פגימות פון זיין לעבען און זייער תיקון — ווי אַ אונצוטיילבאַרע איינהייט. זאָגענדיג „נאַציאָנאַלע אויפלעבונג“ האָט ער דעריבער אַלץ געזאָגט, ווייל ער האָט כולל געווען אין דאָזיגען איינציגען בעגריף אַלע פּראָבלעמען און פראַגען, וואָס וואַרטען אויף אַ לעזונג.

אַ„ אַרבעטס=פאָלק“ איז אַ ברייטערער בעגריף ווי אַ „אַרבעטס=געזעל=

שאַפט". דאָס איז אַ גרינדליכערע רעוואָלוציע ווי אַ אָרדנונג=איבערקעהרעניש. די סאָציאַלע בעשטימונג איז דאָ פולשטענדיגער און טיעפער. דאָס איז אַ בעפרייאונגס=וועג, וועלכער איז נישט זוכה אין דער רויב=ירושה פון די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטס=אָרדנונגען, נאָר זי קומט אויפבויען אַ נייע וועלט דורך דער בעפרייאונג פון דער נשמה און דורך שאַפען נייע וועגן פאַר'ן מענשליכען גייסט. ווייל דער וועג צו דער אמת'ער פרייהייט פיהרט צו דער אינערליכקייט. דער וועג צום מענש, צום פאָלק=מענש, צום פאָלק אַלס קאָלעקטיווע פערזענליכקייט; דער וועג פון אַרבעטענדען מענש צום אַרבעטענדען פאָלק, פון אַרבעטענדען פאָלק צו דער מענשליכער משפחה מיט איהר שטאַרקער לעבענס=פרייד, וואָס קומט פון פרייען שאַפען אין דער רחבות'דיגקייט פון דער קאָסמישער נאַטור.

„און אויב ס'איז בכלל מעגליך אַ תיקון פאַר'ן מענש און פאַר'ן מענשליכען לעבען — וועט ער נאָר קומען אויף אַזאַ אופן". אַזוי האָט געזאָגט גאָרדאָן.

„געזאָגט?" — ניין, גאָרדאָן האָט נישט געזאָגט, ער האָט נישט געזאָגט פאַר אַנדערע דאָס, וואָס ער האָט נישט אַליין מקיים געווען מיט זיין גוף. ער איז נישט געווען קיין מוסר=זאָגער פון אַ רעדנער=טריבונע. דאָס, וואָס ער האָט געשריבען איז נאָר זיין חשבון=הנפש מיט זיך און מיט אונז, געדאַנקען און וויזיעס פון אַקערער און ערד=גראָבער, אַ ליטעראַטור געבוירען פונ'ם אַקער — אַ לחלומין נייע ביי די אייניקלעך און אור=אייניקלעך פון אבות=עם=הכתב.

ווי די ענטפלעקונג פון אַ סימבאָל האָט ער זיך בעוויזען אין דער שפיץ פון דער מחנה; פון דער אַרבעטער=מחנה אין לאַנד, וואָס איז מקיים איהר נדר פאַר'ן פאָלק און זיין עתיד, דורך אַ שעפערישער אָנשטרענגונג, בעגלייט מיט ליידען און פול מיט שטרויכלונגען. אַרום איהם — אַ גלאַנץ פון ליעבע, אַ פלאַקערנדער פייער און פאַטאָס פון שאַפען, אַרבעט אויס פרייד, אין ריינקייט פון האַרצען און נשמה. פאַר איהם אַ זיעבענפאַכע ליכט, וואָס האָט אַריינגעהויכט גרויסע טרוימען אין יונגע הערצער, וואָס האָט בעגייסטערט מיט זיין גאָלדענע ריינקייט די נשמה פון אַ גאַנצען דור, וואָס איז בעשטימט צו זיין דער זאָמען=טרעגער פון שאַפונגס=געדאַנק, מיט זיינע ברייטע האָריזאָנטען און גרויסע האָפנונגען.

וואָס האָט ער בעדייט פאַר אונז און וואָס האָבען מיר אין איהם פערלאָרען? — מיר זענען געזעסען איהם צו פוסען. מיר האָבען געשעפט און מיר וועלען שעפען כחות פון דער דאָזיגער שטראַהלענדער פערזענליכקייט. וואָס האָט ער בעדייט פאַר אונז? — אַלץ: אַ טאַטע, אַ ברודער, אַ חבר, דער גרעסטער טרייסטער און דער גרעסטער שטראָפער אין זיין שווייגען. ווער קען זיך גלייכען צו איהם? ווער פון אונז קאָן שטעהען אין זיין מחיצה? נאָר אַ הויך פון איהם

האָבען מיר אַריינגעזאַפּט אין זיך. אָפט פלעגען מיר בעהאַלטען אונזער געזיכט פון מורא צו קוקען אויף זיין ליכט. אָבער אין די שווערסטע מאָמענטען אין אונזער לעבען, בעת דער ספק פלעגט זיך אַריינ'גנב'ענען אין האַרצען, זעהענדיג הינטער זיך אַ פאָלק מיט אַ פערמאַכט האַרץ, און פאַר זיך — שטרויכלונגען אויפ'ן וועג — פלעגען מיר אַרויפלעגען די האַנט איבער די אויגען כדי איהם צו זעהען אין זיין בלענדענדען גלאַנץ.

פלעגען מיר איהם זעהען — פלעגען מיר זעהען אַ טרייסט. גאָרדאָן דער מענש, דער דאָזיגער אַלטער, האָט אונז אומגעקעהרט אונזער יוגענד, ער האָט אונז געשענקט דעם גלויבען אין אייביגען ווידערקעהר, אין דער יוגענד, וואָס איז צוגעגרייט דעם פאָלק דורך דער בענייאונג פון זיין לעבען דורך אַרבעט.

מיר האָבען אין איהם געזעהן דעם זייהער, וואָס צוואַרפט לעבענס-זריעה מיט אַ ברייטער האַנד-בעוועגונג. און געוואוסט האָבען מיר, אַז אַ זריעה-קערנדעל וואָס פאַלט אין דער ערד, געהט נישט פערלאָרען, און אפילו דער, וואָס זייהט אויף אַ וויסטען פעלז, זאָל נישט פערליערען די האָפנונג.

וואָס האָבען מיר פערלאָרען אין איהם? — מיר האָבען פערלאָרען איהם אַליין, דעם מענשען מיט די אַדלער-געדאַנקען, וואָס האָט געוועקט ביי אונז אַ גרויסען גלויבען און זיכערקייט, וואָס האָט אונז אַרומגענומען מיט ליעבע, וואָס האָט אונז פערטרונקען מיט ליכט און וואַרימקייט פון זיין נשמה. מיר האָבען פערלאָרען גאָרדאָנ'ען דעם טרעגער פונ'ם דאָזיגען טייערען נאָמען, וואָס פערנעהמט דעם שטראַהלענדען מיטעלפונקט אין דעם שענסטען אָנפאַנגס-קאַפּיטעל פון אונזער געשיכטע, וואָס בעגייט זיך.

אין דגניה, דאָרט וואו ארץ-ישראל הויבט זיך אָן, אין דאָזיגען וויזיעס-טאָל אויף די ברעגעס פון ירדן און כנרת, וואו „דער אַקערער האָט געזעהן די ליכט פון דער שכינה“ — דאָרט איז געשטאָרבען גאָרדאָן. ווי טיציאַן איז ער געשטאָרבען. אין נשמה-לויטערקייט און אין שלום מיט זיך. בעת די ידיעה האָט אונז דערגרייכט פון דער ווייטענס האָבען מיר געפיהלט אַ וואונדער-ערצעהלונג פון בראשית: „ויתהלך חנוך את האלהים ואיננו — כי לקח אותו אלהים“... פשוט: ער איז נישט געוואָרען. דאָרט וואו ער איז געווען — איז ער נישטאָ.

מיר האָבען איהם נישט מספיד געווען. נישט נאָר ווייל ער האָט אונז דאָס פערזאָגט, נאָר ווייל יעדער, וואָס לעבט גאָרדאָנ'ס-לעבען, בעקלאָגט איהם נישט און זאָגט איהם נישט נאָך קיין שבחים. אָבער אין דער טיעפעניש פון נשמה האָט יעדער פון אונז געטראַכט:

„תמות נפשי מות-ישרים ותהי אחריתי כמוהו!“...

**יצחק לופּבאַן.**

# א. ד. גאָרדאָן — דער קנאי.

## א.

ווען איך האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז אַ גרויסער טהאַט אין לעבען איז מכפר, אַז ער מוז אַלץ מכפר זיין — האָט פאַר מיר גאָרדאָנ'ס נאָמען ענטהאַלטען אין זיך אַ בעצויבערנדע צוציהונגס־קראַפט, אַ לאַנגע צייט, נאָך איידער איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל. פון מיין פרוי, וועלכע איז ערצויגען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין טאָכטער אין אַ קליין דערפעל אין פּאָדאָליען און זיך געפונען אונטער זיין איינפלוס, האָב איך מיך דערוואוסט פערשיעדענע איינצעלהייטען פון זיין פריהערדיגען לעבען, לויט וועלכע איך האָב דערקענט דעם דאָזיגען מענשען און זיין לעבענס־שטייגער. נאָך זייענדיג אַ בעאַמטער ביים באַראָן גינצבורג האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שטאַרקען כאַראַקטער, וואָס האָט נישט פערטראָגען קיין שום פּשרה און מיט זיין אַכזריות'דיג־לאָגישען דענקענסאַרט, וואָס האָט אויפגערעגט די בעל־הבת'ישע פּראָווינץ־יודען, וואָס זענען קיינמאָל נישט געוועהנט געווען צו דענקען „ביז'ן סוף“.

ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען ווילען, געווען אַנ'עקשן, אַ ביסעל האַרט לגבי יענע, וועלכע האָבען איהם נישט פערשטאַנען, אָבער אַ טרייער און איבערגעגעבענער חבר פאַר די יחידים, אין וועלכע ער האָט געגלויבט צו געפינען אַ נאָהנטען. פון דער נאַטור געווען אַ לעהרער. אין בעציהונג צו די יונגע איז ער געווען אַ קנאי, אַ עקסטרעמיסט, אייביג געזאָרגט, אַז זיין איינפלוס זאָל נישט בעקומען קיין פּגימה און ליעב געהאַט צו ערציהען, בעלעהרען, בעלייכטען. און אויב ער האָט נישט מבטל־געמאַכט דעם שטעדטישען „עלעמענט“, איינזעהענדיג אין יעדען יודען אַ מאַטעריאַל פאַר אונזער צוקונפטס־בנין, זענען פונדעסטוועגען זיינע אויגען געווען געווענדעט הויפּטזעכליך אויף די צוקונפטיגע דורות.

שוין דעמאָלס, ווען ער איז נאָך געווען אַ שטיק משכיל און „נאַראָדניק“ אין רוסישען סטיל, האָט ער געהאַט די איבערצייגונג, אַז נאָר אַנ'ענדגילטיגע איבערקעהרעניש אין מענש'ס לעבען קאָן ברענגען די ערלעזונג; ער איז געווען לויט זיין איינגעאַרטיגקייט אַ חלוץ, איינער פון די, וואָס זענען זיך מקריב אינגאַנצען און מיט זייערע אייגענע קערפּערס לעגען זיי דעם בריק צו דער צוקונפט.

פון זיך און אַנדערע האָט ער פערלאַנגט דעם איינציגען שפּרונג; ער האָט געהערט צו די נחשון'ס וואָס שפּרינגען די ערשטע אין ים. און דאָך איז ער נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסען אַלס בוכהאַלטער איבער דעם באַראָנ'ס ביכער. אפילו ער, וואָס האָט קיינמאָל נישט אָבגעטיילט די אידעע פון דער טהאַט, האָט זיך נישט געקאָנט גובר־זיין איבער דער גלות'דיגער פּאַסיוויטעט.

און בלויז דאַן, ווען זײַן לעבענס־זון האָט געהאַלטן שוין ביים אונטערגאַנג, אין דער צײַט, ווען אַנדערע פערענדיגען, מאַכען אַ סך־הכל — האָט ער ערשט אָנגעהויבען. אין דעם איז בעשטאַנען די שטאַרקײַט, צו וועלכער עס זענען מסוגל נאָר יחידים פון פאָלק, און דאָס האָט האָט ווידער בעוויזען, אַז בלויז די אידעע האָט אַ אײַביגע יוגענדליכקײַט און בלויז דער גרויסער אידעאַל היט־אָב און שיצט פאַר דער עלטער. ווער עס האָט געקאָנט גאָרדאָנ'ען ביז'ן לעצטען טאָג, וויים, אַז מײַנע וועַרטער זענען נישט איבערגעטריבען. אפילו, ווען ס'האָבען געשלאָגען זײַנע לעצטע שעה'ן, האָט זײַן גײַסט פערמאָגט אַ לעבעדיגע שפּראָ־צונגס־קראַפט.

די עלטער האָט איהם צוגעגעבען אַ רוהיגקײַט און ליכטיגקײַט, אָבער דער פערניכטונגס־פּראָצעס האָט איהם נישט אָנגעריהרט.

אָבער בײַ זײַן גאַנצען אידעאַליזם און טױלױוויי אָבגעזונדערטקײַט איז ער קײַן פאַנטאַזיאָר נישט געווען. און דאָס מוז מען, קודם־כל, בעצײַכנען. פּונקט אַזוי ווי אחד־העם, מיט וועלכען ער האָט געהאַט, נישט קוקענדיג אויף די געגענ־זאַצען אין זײַנערע אַנשויאונגען, עפּעס געמײַנזאַמעס אין דער סטרוקטור פון זײַן וועלט־אַנשויאונג, אין איהר אינערליכער אַרכיטעקטאָניק, איז ער — גאָרדאָן — געקומען אָהן אילוזיעס, אָהן אַ גראַנדיעזען בוי־פּלאַן. ער איז געווען אַ רעאַליסט און האָט געגלויבט אין דעם געגנצליכען מינימום, אין דעם געזונטען קערן. עס איז איבעריג צו בעטאָנען, אַז ער, וועלכער האָט צוגעגעבען אַ ווערט בלויז דער אויסבעסערונג און פערפאָלקאָמונג פון מענש, האָט נישט געגעבען קײַן שום ווערט דער גרויסער פּאָליטיק און האָט זיך ענטגעגענגעשטעלט די לעגיאָנען צוליעב מאַראַלישע און נאָך מעהר — צוליעב רעאַלע טעמים. (ער האָט פּשוט נישט געגלויבט אין זײַנער נוצען) ער האָט געגלויבט בלויז אין מעשים, ווײַל נאָר אין זײ ענטפּלעקט זיך דער אמת'דיגער לעבענס־קוואַל. ער האָט גע־גלויבט — לויט זײַן אײַגענעם אויסדרוק — אין דעם „לעבענס־טראָפּען".

דער גלות איז געווען בײַ איהם די פערגליווערונג פון ווילען, אַ גײַסטיגקײַט, וואָס הענגט אין דער לופט, וועלכע ווערט נישט פערוואַנדעלט אין טהאַטען און שטרעבט קײַנמאָל נישט דערצו. אין דעם גלות־יוד האָט ער געזעהן אַ זעעלישע צושוואומענקייט, אַ מענשען־מאַטעריאַל, וואָס איז גרונד־אויס פערדאָרבען, ווײַל עס איז פערדאָרבען דער אמת'ער קשר צווישען מענש און נאַטור — דער ווילען צו טהאַט.

פּונקט אַזוי ווי אחד־העם, וואָס האָט איהם ערצויגען צו דענקען ביז צום סוף, האָט ער אויך נישט געגלויבט אין דור־המדבר, אַז ס'איז נאָך דאָ פאַר איהם אַ תקנה. ער האָט געוואוסט, אַז מען מוז צוגרייטען דעם יסוד, שאַפען די פאָלקס־צעלע („יאַטשײַקע"), פון וועלכער ס'זאָל זיך ענטוויקלען שפּעטער דער געזונטער אָרגאַניזם. אָבער זײַן געדאַנק איז געגאַנגען נאָך ווײַטער. ער האָט אָנערקענט נאָך אַן'אַנדער רעצעפּט און זײַן רעצעפּט איז געווען: טהאַט. נישט פאַרברײַטען

בעזונדער און טהון בעזונדער. דער טהאָט אַלײן איז אויך די אײנציגע פאָרברײטונג. קענענדיג די אײנגענשאַפט פון יוד צו ערוועקען זיך פון צײט צו צײט און שפּעטער ווידער אײנזינקען אין פּאַסיװיטעט, האָט ער געפאָדערט נישט אַ גלענצענדען אַקטיװיזם, וואָס איז נישט מעהר ווי אַ מאָמענטאַלע ענטפלעקונג פון גבורה, נאָר אַ בעשטענדיגע קלײנע אַרבעט, וואָס איז די גרעסטע פון אַלע גבורות און איז דער יסוד פון וועלט=ישוב. ער האָט געגלויבט, אַז נאָר זי וועט דערציהען און ברענגען ביסלעכווײז אויך צו דער גײסטיגער איבערקעהרעניש. דאָס האָט בײ איהם געהײסען די אמת'דיגע לעבענס=קראַפט, יענע, וועלכע דערוועקט זיך נישט בלויז אויף אַ מאָמענט, נאָר ווערט וואָס אַ מאָל שטאַרקער און וועבט זײנע פעדים אין אײביגען לעבענס=געוועב.

די אידעע פון אַרבעט איז געוואָרען בײ איהם דער יסוד פון זײן טיעפער וועלט=אַנשויאונג. נישט שטענדיג האָט ער געקענט עס געהעריג אויסדריקען. בלויז די, וואָס וועלען זיך פערטיעפען אין זײן לעהרע, וועלען געפינען אין איהר אַ גאַנצע אומפאַסענדע לעבענס=לעהרע. בײ דער גאַנצער פשטות פון זײן אַרט דענקען איז ער אויך געווען, לויט נאַטור, אַ טיעפזיניגער און אַמאָל אויך מעטאַפיזיקער. ער האָט פיעל געדענקט אין זײן לעבען, געאַרבעט און געדענקט. דער געדאַנק איז אויך געווען בײ איהם אַנ'אַרבעט, נישט קײן שפּיעל. ער האָט געפיהלט די נויטיגקײט פון אַ גרויסער געשלאָסענער וועלט=אַנשויאונג, וועלכע לאָזט נישט איבער קײן שום אָרט פאַר אַ ריס, און דעריבער פלעגט ער פון מאָל צו מאָל אומקעהרען זיך צו זײנע ליעבע געדאַנקען, בעמיהט זיך זײ אויסצוטײטשען, פערטיעפען לויט זײן מעגליכקײט.

געננוי ווי אַחד=העם, וועלכער האָט דעם חבת=ציון געמאַכט אַלס יסוד פון אַ אומפאַסענדער וועלט=אַנשויאונג, אַזוי האָט ער אויך געוואָלט מאַכען די אידעע פון אַרבעט אַלס צענטראַלע, וואָס זאָל אַרײנדרינגען אין גאַנצען לעבען און זאָל אַרומנעהמען זײער גאַנצען מהות. אָבער דאָרט, וואו אַחד=העם האָט געגלויבט דאָס צו דערגרייכען דורך דער בענײאונג פון דער העברעאישער קולטור אין ארץ=ישראל, האָט ער געגלויבט נאָר אין לעבען גופא, ווײל אין דער קולטור האָט ער געזעהן נאָר אַ אָבשײן, אַ רעזולטאַט פון אַ פולשטענדיגען האַרמאָנישען לעבען, אַ לעבען פון שאַפונג. זײן אַכזריות'דיג לאָגישער דענקונגס=אַרט האָט נישט געלאָזען קײן פיצעל אָרט אויף אַרויסדרעהענישען, אויף האַלבע תשובות. אין דעם מויער פון נײע אָנשויאונגען האָט ער נישט געלאָזען קײן מינדסטען שפּאַלט. זײן געדאַנק נעהמט אַרום ווי אַ אײזערנע צוואַנג: ענטוועדער אַלץ אָדער גאָרנישט. „ארץ=ישראל פערלאַנגט פון אײך די נשמה מיט'ן גוף, אָדער זי פערלאַנגט גאָרנישט" — אַזוי האָט געלערנט דער גרעסטער חלוץ. און ער אַלײן האָט בעוויזען, ווי מען גיעט אַלעם. ווען ער איז געקומען קײן ארץ=ישראל און זיך בעזעצט אין עין=גנים, געליטען און געאַרבעט, די פרוי פערלוירען און שפּעטער איז געשטאָרבען אין רוסלאַנד זײן אײנציגער זוהן, אַ

עהרליכער, שטילער און בעשיידענער מענש, וואָס איז געבליבן דאָרט אין דערצייט פון דער מלחמה און ער איז כמעט אַליין געבליבן, האָט ער זיך געשטאַרקט אין זיינע יסורים, געאַרבעט פון פריי און געדינט אַלס ביישפּיל פאַר דער יוגענד מיט זיין קלאָרען און רוהיגען גייסט. קיינער האָט איהם נישט געהערט זיך בעקלאָגען אויף זיין שווערע אַרבעט; קיינער האָט איהם נישט געזעהען בעטריבט אָדער פערגרימט — סיידען ביי אַ צרת־רבים. עס איז פערשטענדליך, אַז זיינע יונגע חברים האָבען זיך בעמיהט איהם צו פערלייכטערן; אָבער די־דאָזיגע פּרובען פון פערלייכטערונג זענען פאַר איהם געווען שווער. ווען מען פיהלט מעהר דעם צער, האָט מען מעהר די זיכערהייט, אַז עס ווערט געבוירען אַ נייע וועלט. און איהם איז געווען רעכט יעדער וועהטאָג, אַבי ס'זאָל מיטוואַקסען דער בטחון, אַז עס ווערט עטוואָס געשאַפען. אָהן יסורים האָט ער נישט פערשטאַנען קיין שום שאַפונג.

די אָרבעט איז געוועזן ביי איהם דער יסוד און אורשפּרינגליכער מקור פון אַלץ. זי איז די איינציגע רעאַליטעט, בלויז זי איז נישט קיין אילוזיע. זי איז אַלץ. איהר פריי איז די אמת'ע פריי און איהר צער איז דער אמת'ער צער. און אַ פאַקטישער וועהטאָג, נישט קיין אילוזאָרישער, איז דאָך אַ שפע; אַזאַ צער מאַכט נישט אָרים. אַזעלכע יסורים, יסורים פון שאַפען, זענען אונז ליעב, ווייל זיי ענטפּלעקען אונזער זיין אין גאַנצען פאַרנעם.

ער האָט געקוקט מיט ניכטערע אויגען און האָט גוט געוואוסט, ווי מיר זענען אָרים אין גייסט, אין כח פון ליידען. דער מאַטעריעלער נויט האָט איהם קיינמאָל נישט אָבגעשראָקען. פערקעהרט, ער האָט זיך ווי געפרעהט מיט איהם, געפרעהט מיט דעם שונא, מיט וועלכען ער דאַרף זיך ראַנגלען. איהם האָט אָפּגעשראָקען בלויז די גייסטיגע וויסטקייט, די אַרומיגע שטרעבונג צו אַ לייכט לעבען. דער אַלגעמיינער מורא פאַר די אָרימקייט, די שוואַכע מעגליכקייט זי בייצושטעהן. און דעריבער האָט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געלעגט בלויז אויף די חלוצים. ער האָט געוואָלט ווירקען אויף זיי, אַז זיי זאָלען זיין וועניגער פאַרטייאיש, וועניגער פּאָליטיקער און זאָלען זיך אַליין ערציהען צו ליידען און זיך צו שטעלען ווי אַ פעסטע מויער געגען דעם אַלגעמיינעם פּחד. ער האָט געוואוסט, אַז דער כח פון איין זעלבסט־טהוער איז גרעסער פון טויזענד, וואָס בעוועגען צו טהון אַנדערע, און דעריבער האָט ער זיך נישט געשראָקען פאַר דעם מעוט. ער האָט נאָר מורא געהאַט פאַר דעם טשטוש פון דער אידעע, פאַר דער ירידה פון געדאַנק. ער האָט געשטרעבט אין משך פון זיין גאַנץ לעבען אַריינגיסען אין זיין געדאַנק אַ נייע קראַפט און אַ ניי לעבען. נאָר די אידעע און איהרע געצעהלטע אָבער געטרייע דינער — האָט ער געגלויבט — וועלען איבערפיהרען אונז דורך די ערשטע שווערע טעג. דער כח פון ליידען, אַן און פאַר זיך, אָהן אַ צוזאַמענהאַנג מיט'ן ציעל — איז געווען ביי איהם דער ערשטער תנאי, דער איינציגער תנאי פאַר דעם צוקונפטיגען בנין.

די אַרבעט איז זעלבסטפערשטענדליך געווען פאַר איהם, הויפּטזעכליך, אַ מאָראַלישע אידעע אין טאָלסטאָישען זין. ווער עס אַרבעט נישט פּאַקטיש, לעבט אויפ'ן חשבון פון אַנדערע און איז אַ פּאַראַזיט. דאָס פּלעגט ער שטענדיג בעטאָנען. אין דעם האָט ער געזעהען דעם שוידערליכען סימבאָל פון אונזער לעבען, אַ לעבען פון אַרבעטסלאָזיגקייט און שאַפונגסלאָזיגקייט. אָבער ער האָט דערהויבען די אידעע אויך צו אַ נאַציאָנאַל-מענשליכער הויך. די אַרבעט איז דער צעמענט, וואָס פערפעסטיגט דאָס פאָלק. אָהן פיזישער אַרבעט איז אויך די גייסטיגע שאַפונג פעהלערהאַפט. עס פעהלט איהר דער דרינגענד-נויטיגער בע-לעבענדער עלעמענט, וועלכער פרעגט אויס איהר פּרצוף און מאַכט זי אייגענ-אַרטיג. די אַרבעט איז געווען פאַר איהם דער איינציגער וועג צו רעטען זיך פון אָבגעריסענקייט, צו בעהעפטען זיך מיט'ן לעבען און געבען אַ געשטאַלט דעם לעבען.

ער האָט אויך געפּרובט צו געבען זיין אידעע אַ מעטאַפיזישע בעגרינ-דונג. די אַרבעט, דאָס הייסט, די אויסלאָדונג פון אונזער בעהאַלטענער ענערגיע און איהר צונויפגיסונג מיט דער אַלגעמיינער סומע ענערגיע, פיהרט אונז אַרויס פונ'ם ענגען, סוביעקטיווען קרייז, און פערבינדעט אונז מיט'ן פאָדעם פון דער עלעמענטאַרער קאָסמישער עקזיסטענץ. צו דעם דאָזיגען געדאַנק קעהרט ער שטענדיג צוריק און בעמיהט זיך צו געפינען פאַר איהם זיין אויסדרוק. דער-דאָזיגער געדאַנק האָט איהם, אַ פּנים, שטאַרק געדריקט, ער האָט געזוכט פאַר איהם זיין אויסדרוק און האָט נישט געפונען. יעדער אַרבעטענדער מענש איז פאַר איהם אַ מיקראָקאָסמאָס, אַ „קליין-וועלטל“, וואָס איז שקול כנגד דער גרויסער וועלט. די אַרבעט — נישט נאָר וואָס זי רייניגט דעם מענש פון יעדען זינד און בעפרייט איהם פון יעדער אינערליכער קנעכטשאַפט און אינערליכען דרוק — נאָר זי ענטפּלעקט אויך אונזער אמת'דיגע אייגענאַרטיגקייט, דעקט-אויף איהרע בעהאַלטענע כחות, בעשטימט איהר געשטאַלט. אָהן אַרבעט איז אַלץ צייטווייליג. אָהן אַרבעט איז אַלץ אילוזאָריש. אַזוי דאָס פאָלק, אַזוי אויך דער מענש. די אמת'ע הויה, דאָס אמת'דיגע „דאָזיין“ ווערט בעשאַפען בלויז דורך דער אַרבעט. נאָר זעהר זעלטען ערלויבט ער זיך צו רעדען וועגען דער אַרבעט אַלס אַ קוואַל פון פּריוואַטען גליק; פערקעהרט, ער שטרייכט אונטער יעדעס מאָל די שוועריגקייט, דעם צער, מיט וועלכען זי איז פערבונדען. אָבער פון יענער זייט צער ענטפּלעקט זיך אַ נייע וועלט, וואָס נאָר די אַרבעט עפענט זיינע טויערן און נאָר דער אַרבעטער האָט די מעגליכקייט אַריינצובליקען אין זיינע בעהעלטענישען. די נאַטור איז פערשלאָסען פאַר דעם, וואָס אַרבעט נישט. נאָר דעם אַרבעטענדען גיעט די נאַטור איהרע מתנות, גיעט דירעקט נישט דורך קיין שליח און דעריבער דאַרפען אויך מיר אָבגעבען איהר אונזער כח דירעקט — נישט מיט דער הילף פון אַ שליח...

גענוי ווי ביי יעדער גרויסער פערזענליכקייט, האָט זיינע געדאַנקען אַרום-

געוועבט די *הויכע רעאַליטעט*, וועלכע ווערט שטענדיק געשאַנקען נאָר די שעפער פון דער צוקונפט — די רעאַליטעט, וואָס ווערט געשטאַרקט דורך דעם לעבענס־אמת און ווערט דערהויבן דורך דעם גלויבן אין מענשליכן גייסט פון איבער דעם לעבן צו דער הויך פון דער אייביקייט.

## ב.

אויף די ריינע און שיינע גאַסן פון תּל־אָביב, אין וועלכע עס איז אַזוי בעקוועם צו שפּאַצירן און צו רוען, פלעגט פאַרבייגיין גאָרדאָן, קומענדיק פון צייט צו צייט פון גליל, מיט זיין אָפּגעבערנטן בלאַסן געזיכט, אַ פּנים פון אַ למדן און אַ נזיר און אין זיינע אייגפאַלענע, דאָרפישע קליידער פלעגט גיין ניט ווי אַ פּראָטעסט, נאָר ווי אַ פֿערבלאָנדזשעטער שאָטן, אַ פֿערבאָרגענער, שטומער געגנזאַץ — אַ שטילע צערשטערנדע קראַפט, וואָס ברעכט מיט איר עקזיסטענץ גופא. אַזוי פלעגן מסתּמא אָנקומען פון ווייטן מדבר די יודישע נביאים, און פאַרבערנט מיט זייערע בליקן די שטעדטישע קולטור. גאָרדאָן איז ניט געווען, ווי טאָלסטאָי, אַ שונא פון דער אייראָפּעאישער קולטור; אפשר האָט ער אויך פאַרשטאַנען די סכנה, וואָס שטעקט אין אונזער ישוב, אין דער פערניכטונג פון דער קולטור, און אפשר האָט ער געוואָלט, אַז ניט זי, די קולטור אין איר איינציגן געשטאַלט, זאָל זיין דאָס וויכטיגסטע. ניט די קראַפט, וואָס ענטפּלעקט זיך אין זיינע רעזולטאַטן, נאָר די קראַפט פון מענש, די פעהיגקייט מוותּר צו זיין אויף ניטיגע ווערטן, דאָס איז געווען ביי איהם די איינציגע בעדינגונג פאַר דער שאַפונג.

ווי יעדער אמת'ער, פרוכטבאַרער כּח איז אויך זיין קראַפט געווען ביי איהם אַ בעהאַלטענע, רוהיגע — אָהן היסטעריע און אָהן העויות. מען האָט געפיהלט, אַז ער בעציהט זיך מיט עקל צום לעדיג־גיין; אַמאָל איז עס אויך געווען אַביסעל ניט אָנגענעהם, יעדע עקסטרעמיטעט איז ניט אָנגענעהם — ניט מענשליך. אָבער ער האָט זי ניט אַרויסגעוויזן אין זיינע בעציהונגען צו מענשען. ער האָט ניט נויטיג געהאַט עס אַרויסצוווייזן. עס זענען פאַראַן מענשען, וואָס דאַרפען ניט אויסדריקען זייערע געפיהלען — זיי דריקען זיך אויס פון זיך אַליין. ער מיט זיך אַליין איז געווען דער סימבאָל פון געגענזאַץ צום לייכטען בעקוועמען לעבן. ווער עס האָט איהם געזעהען, האָט זיך באַלד דערמאָהנט, אַז זיין אַרבעט, ווי זי זאָל ניט זיין, איז ניט געווען אַ גענוגענדע, אַז מען מוז נאָך עפּעס טהון און ס'איז פאַראַן אַ גרויסע פליכט, וואָס איז נאָך ניט ערפילט געוואָרען.

ער פלעגט ניט פרעדיגען פאַר דער עפענטליכקייט, פלעגט ניט קומען מיט דער מאַסע אין בעריהרונג; ער פלעגט אויך וואַרפען אַ חשד אויף זיינע פאַרטיי־חברים, ווען ס'פלעגט זיך איהם אויסווייזען, אַז זיי ווערען די מאַסע.

ער האָט געוואוסט, אַז דער וואוקס פון דער פּאַרטיי בעדייט קיינמאָל נישט די מיעפקייט פון אמת, וועלכען זי טראָגט אין זיך און אַ בעהאַלטענע מורא האָט ער געטראָגען אין זיך פאַר דעם געדאַנק, וואָס ווערט דער קנין פון דער מעהר-הייט. ער האָט געוואוסט, אַז זיין שווערע לעהרע, וואָס פערלאַנגט דעם גאַנצען מענש, דעם פולשטענדיגען אָבזאָג פון דעם אויסערליכען פערגעניגען פון לעבען, איז נישט קיין לעהרע פאַר דער מעהרהייט. און דעריבער האָט ער אַזוי געזאָרגט פאַר דעם מעוט, אַז ער זאָל נישט געשטרויכעלט ווערען. און ווען ער האָט פון-צייט צו-צייט פערלאָזט די פעלדער פון דגניה מיט'ן צוועק צו בעטייליגען זיך אין פּאַרטיי-פערזאַמלונגען, פלעגט ער זיך אייביג בעמיהען צו שטיצען מיט זיין מיינונג די חברים, געקעמפט געגען יעדער פּשרה, וואָס האָט געקענט פער-טושען דעם געדאַנק. אויך דערמיט איז ער געווען אַ שילער פון אַחד-העם'ן — וואָס האָט געגלויבט אין איינצעלנע, וועלכע דאַרפען געהן פאַר'ן פאָלק. דאָס איז געווען דער בעהאַלטענער פיינגייסט, וועלכען מיר געפינען ביי יעדער גרויסער נאַטור: דער זאָרג פאַר די ריינקייט פון דער אידעע, די מורא פאַר איהר ירידה. ביי זיין גאַנצען גלויבען אין טהאַטען און מעשים, אין כח פון דער פערווירקלי-כונג, איז ער דאָך געבליבען אַ יודישער תלמיד-חכם, וועלכער ווייסט, אַז אין שווערע צייטען דאַרף מען אָבהיטען די אידעע און איהר ריינקייט און צוגרייטען זי פאַר די צוקונפטיגע דורות.

אַזוי ווי אחד-העם, הגם אויף אַנ'אַנדער אופן, האָט ער אויך געוואָלט שאַפען פון דער מינדערהייט אַ גרונדלאַגע פאַר דער צוקונפט, מאַכען פון איהר דעם חוט-השדרה פון פאָלק, — ער האָט געגלויבט, אַז נאָר יחידים זענען די בעשיצער פון פאָלק, וועלכע טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט דורך די שווערסטע לעבענס-נסיונות. דאָס איז נישט געווען אַ מאַנגעל פון גלויבען אין די מאַסען, וועלכער כאַראַקטעריזירט דעם אחד-העמיסטישען אַריסטאָקראַטיזם. גאָרדאָן האָט אָנערקענט, אַז דאָס פאָלק איז נישט אַ קליינע גרופּע פון תלמידי-חכמים, וואָס זונדערן זיך אָב פון דער אַרומיגער וועלט און זענען נהנה פון זייער תורה; ער אַליין האָט פּשוט אין זיך נישט געגלויבט, נישט געגלויבט אין די וועניגע, אַז זיי וועלען דערגעהן ביז צום סוף און דערטראָגען די לאַסט ביז צום סוף. דעריבער האָט ער בעגרעניצט זיין איינפלוס-קרייז, וועלענדיג פער-טיפען די אידעע און פערשטאַרקען די מינדערהייט, וואָס אונטערשטיצט איהם. ער האָט געוואָלט, אַז דער מעוט זאָל דינען אַלס ביישפּיעל און ווערען אַ מוסטער פאַר אַלע.

## ג.

יעדע זאַך האָט ער בעהאַנדעלט ערנסט, מיט אָנשטרענגונג פון אַלע כחות. ער האָט נישט געהערט צו די בעזונדערס שאַרפזיניגע, ביי וועלכע דער געדאַנק

ענטשטעהט פון זיך אַליין און בליצט אויף פּלוצים מיט אַ שנעלקייט פון פייל. ער האָט געשפּרייזט צום געדאַנק מיט אַלע מעגליכע גייסטיגע שריט; ער האָט אויסגעטרעטען אַ וועג צו איהם מיט פיעל שווערינקייט. אפשר איז דאָס געווען אַ פעראַנטוואָרטונגס־געפיהל, יענע גייסטיגע רייפקייט און עהרליכקייט, וואָס ער־לויבען ניט צו שטיצען זיך אויף צופעליגע מיינונגען און אויפבליצענדע גע־דאַנקען. זיין געדאַנק און אַרט פון דענקען זענען געווען אָרגאַניש. ער איז ניט געווען קיין הערשער איבער'ן דענקענס־מאַטעריאַל און דער וואָס ליעגט זיינע מאמרים, געהט ווי דורך אַ געדיכטען וואַלד. דער וועג איז ניט אויסגעטרע־טען, און נאָר צווישען די צווייגען פון די בוימער גלאַנצט די רויטקייט פון דער אויפגעהענדער זון.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז ער האָט ניט געהערט צו די לייכטע, יענע, וואָס כאַפּען לייכט די שמעטערלינגען פון געדאַנק און פרעהען זיך מיט זייערע בונטע פאַרבען. ער איז געווען אַביסעל גרוי, פונקט ווי די גרויע ערד, אין דעם גאַנצען ענטשטעהונגס־פּראָצעס פון זיין געדאַנק. דער איינפאַכער און אַביסעל גרימיגער מאמר פון אחד־העם מאַכט דעם איינדרוק פון אַ אָנגענעהמען סאַלאָן־שמועס אין פערגלייך מיט די לאַנגע און פערוויקעלטע אַרטיקלען פון גאָרדאָן. ער פלעגט ניט אַרויסזאָגען קיין שום סענטענצען, נאָר ער האָט דוקא ליעב געהאַט דאָס געבוי. ער האָט געוואָלט לעגען אַ גרונדשטיין, אַרומנעהמען, אַרומרינגלען דאָס פּראָבלעם. ער האָט געהאָפט יעדעס מאָל, אַז אָט סוף־כל־סוף איז איהם געלונגען צו געפינען אַנ'אויסדרוק פאַר דעם, וואָס האָט אַזוי געדריקט זיין געמיהט. ער איז געווען צו פיעל אינטעליגענט און צו פיעל ליטעראַרישער פיינגייסט, אַז ער זאָל ניט פיהלען דעם מאַנגעל פון לופט אין זיינע אָבהאַנד־לונגען. און דעריבער האָט ער זיך אַליין ניט געגלויבט און בעהאַלטען זיינע אַרטיקלען אַ לענגערע צייט, ניט לאָזענדיג זיי דרוקען. דאָס איז געווען דער טראַגיזם פון אַ מענש, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין ווילען צו ליטעראַטור, וועלכער האָט בלויז געשטרעבט אויסצודריקען דעם געדאַנק און אויפקלערען דעם געדאַנק און וועלכער קען גלייכצייטיג אויך די ליכטיגע, קלאָרע פאָרם פונ'ם אויס־דרוק.

ווען איך בין געווען אין דגניה, האָט מען מיר געוויזען דעם ווינקעל פאַר'ן פענסטער, וואָס געהט אַרויס צום גאָרטען פון דער פערמע און צו די וואַסערן פון ירדן און כנרת, וואו ער האָט ליעב געהאַט צו זיצען אין דער פרייער צייט און נאָטירען זיינע זאַכען מיט זיין ריינער האַנדשריפט אויף די צונויפגעלעגטע פּיערקאַנטיגע און קליינע פּאַפּירלעך. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט ער שריי־בען און ווען ס'האָבען זיך אויפגעכאַפּט די מידע פערמע־אַרבייטער פון זייער שלאָף און געזעהען איהם זיצען איינגעבויגען איבער דער אַרבייט ביים ליכט פון דער לאָמפּ, האָבען זיי געהאַט דאָס געפיהל, אַז איינער היט זיי, היט און פלעגט די אידעע פון זייער לעבען.

דער דאָזיגער אַלטיטשקער אַרבייטער, וואָס האָט געפּרעדיגט בלויז מיט אייגענע הענד און וואָס האָט אַריינגעלעגט זיין ביסעל פיזישע כחות אין די ריזיגע אַרבייט, איז דאָך, הויפּטזעכליך, געשטאַנען אויפ׳ן וואַך פון דער הייליגקייט, געווען אַ שומר פון גייסט.

ס׳קאָן זיין, אַז ער האָט נישט גוט געטהון דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט זיין מעהר פונדאַמענטאַל אין זיינע מאמרים, וואָס ר׳האָט געוואָלט בעגרינדען זיין אידעע אויף פילאָזאָפישע היפּאָטעזען. אין אַ לעבענס-לעהרע זענען אַזעלכע בעווייזען איבעריג; טיילמאָל אויך אָבשוואַכענד. די גרויסע אידעע, וואָס ברענגט צו גרויסע מעשים, איז שטענדיג אַ גזרה, אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו. זי לייכט מיט איהר געשלאָסענקייט, מיט׳ן כח פון אמת, וואָס ס׳איז בעהאַלטען אין איהר — מיט דעם, וואָס זי וויל נישט ערקלערען, נאָר בעפרייען. אַזוי זענען געווען די אידעען פון די נביאים, נישט ערקלערונגען און בעווייזען, נאָר רעזולטאַטען, פרוכט פון געדאַנקען. אָבער גאָרדאָן איז אין אַ געוויסער מאָס געבליבען אַ הקרן; אויך אין דעם געדאַנק גופא האָט ער געזעהען אַ קראַפט. טאָלסטאָי האָט געקאָנט מוותר זיין אויף די „גייסטיגקייט“ פון זיין אידעע. ער האָט געהאַלטען, אַז דערמיט האָט ער בעפרייט דעם געדאַנק פון אַ געוויסע לאַסט און דערנעהנטערט איהם צו זיין מענשליכער מהות. גאָרדאָן האָט נישט אייביג געקענט דערהויבען זיך צו אַזאַ פשטות און אַזאַ עלעמענטאַריזם. דער יודישער מוח האָט נאָך פערלאַנגט זיינס, אפילו ווען אין די הענד האָבען שוין געהאַלטען דעם אַקער-אייזען.

גאָרדאָן האָט לגמרי נישט מוותר געווען אויף די גייסטיגע רייכקייט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מיר זאָלען אָבשוואַכען די דענקונגס-פעהיגקייט פון אונזער פאָלק דורך די נייע ערציהונג מיט איהר „לייכטער תורה“, נאָר מיר זאָלען אויסהיילען די קראַנקהייט פון אונזער דענקען, וואָס איז שוואַך און באָדען-לאָז און פרעסט זיך אַליין אויף דורך צופיעל שאַרפזיניגקייט. און ער האָט זיך זעהר געפרעהט, ווען איך האָב עהנליכע געדאַנקען אויסגעדריקט אין אַרטיקלען איבער ערציהונג, וועלכע איך האָב פערעפענטליכט אין „מעברות“.

גאָרדאָן האָט פערעפענטליכט אַ רייע פון אַרטיקלען (אין „הפּועל-הצעיר“ און „מעברות“) און אויך איבערגעלאָזט פערשידענע נישט-פערעפענטליכע ביז איצט מאַנוסקריפּטען, וועלכע וועלען אַלס גאַנצעס האָבען אַ גרויסע בעדייטונג אַלס נייע ווערטען פון געדאַנק. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס זיין טיפּישעם בוך „בריעף פון ארץ-ישראל“ איז געשריבען געוואָרען אין יודיש און פערעפענטליכט נאָר אין פערשידענע איבערזעצונגען *). אין דעם דאָזיגען קליי-

*) דער כתב-יד איז פערלוירען געגאַנגען און די יודישע אויסגאַבע איז נישט מעהר ווי אַן איבערזעצונג.

נעם בּיכעל האָט ער געפֿונען זײַן סטיל — דעם גלײַכצײַטיק האַרציקן און פּילאָזאָפֿישן סטיל. די אינטימע פֿאָרם און דער טיעפֿזיניגער אינהאַלט זענען צוזאַמענגעגאָסן אין דער בּראָשור, וואָס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און וועט געווים דינען פֿאַר אונזערע חלוצים נאָך אַ לאַנגע צײַט אַלס קוואַל פֿון געדאַנק און טרייסט.

### ד.

בלויז עטליכע מאָל האָב איך איהם געזעהן און נישט שטענדיג איז גע-בּליבּן בּײַ מיר אַ קלאָרער אײַנדרוק. גאָרדאָנ'ען האָט מען געדאַרפֿט זעהן אין כפר-אוריה, אין דגניה — די לופֿט פֿון זײַן לעבּן און טעטיגקײַט. ער האָט נישט געהערט צו די, וואָס רוקן זיך אַרויס. ווי אַ ריינע, איידעלע פּערזענליכ-קײַט האָט ער נישט ליעב געהאַט אויסשטעלן זיך — אויסזעהן „אָריגינעל“; פֿערקעהרט, ער פּלעגט רעדן מיט יעדן אין זיינער שפּראַך. אָבּער אונזערע בּעגעגנישן האָבּן שטענדיג איבּערגעלאָזן עפּעס האַרציגס, אַזוינס, וואָס קאָן נישט פֿערגעסן ווערן.

איך געדענק דעם טאָג, ווען ער איז צו מיר דאָס ערשטע מאָל אַרײַנגע-קומען אין תּל-אביב. דאָס איז געווען אַנ'ערך מיט צעהן יאָהר צוריק און ער איז שוין געווען שוואַך, געפּיבּערט און מיעד פֿון זײַן שווערען לעבּענס-וועג. ער איז געגאַנגען אײַנגעבּויגען, ווי ר'וואָלט זיך געבּויגן אונטער זײַן אייגענעם לאַסט. פֿון זײַנע אויגען, די קלוגע, בּלויע אויגען, האָט אַרויסגעלויכטן דער שמערץ פֿון דעם גײַסטיגן מענש און אַלע דינע און איידעלע געזיכטס-שטריכן האָבּן עדות געזאָגט אויף אַ שווערע און ערשעפּענדע גייסט-אַרבּעט, נישט-קוי-קענדיג דערויף, וואָס ער האָט געאַרבּעט יאָהרן-לאַנג אין פֿעלד און גאָרטן. מען האָט געזעהן, אַז זײַנע טעג האָט ער בּעשטימט פֿאַר אַרבּעט און די נעכט — פֿאַר פּײַנליכע געדאַנקען. איהם האָבּן גלײַכצײַטיג בּעשעפֿטיגט די פּראָבּלעמען פֿון פֿאָלק און פֿון דער מענשהײַט. ווער עס ווייזט דעם וועג צו בּעפֿרײַאונג, געפֿינט קיינמאָל נישט קײַן רוה פֿאַר זײַן געדאַנק. די גרעסטע פֿון אַלע זאָרג איז די זאָרג פֿאַר די ריינקײַט פֿון געדאַנק.

ער האָט ליעב געהאַט צו פֿיהרען דיסקוסיעס, נישט-קוקענדיג דערויף, וואָס ער איז נישט געווען קיין גלענצענדער פּאָלעמיסט. די „ניין“-זאָגערס קע-נען גוט די דאָזיגע מלאכה; ווער עס זאָגט איינמאָל דעם פּאַטאַלען „יאָ“, יענער איז פֿונקט ווי צוגעשמידט צו אַ פֿעלז. דער געדאַנק ווערט פֿאַר איהם אַ ווערק-צײַג. יעדע בּעיאַהונג, יעדע פּאָזיטיווע שטעלונג — איז אַ מחיצה.

איך געדענק די נאָכמיטאָגען אין די זומער-טעג. ער איז געזעסן מיט אונז בּײַ אַ גלעזעל טהע אין אַ קיהלען צימער. פֿון זײַן אויסערליכקײַט זענען מיר עפּעס געבּליבּן אין זכרון בּלויז זײַנע געדיכטע פֿערשטויבּטע שיך. ער האָט זיך צוגעקוקט צום מעבּעל, צום אַרבּעטס-טיש און געזאָגט:

— דו ביזט אַ ליטעראַט; איך בין, חלילה, נישט מבטל דיין אַרבעט; אָבער... ווי קען דען אַ מענש זיין בלויז אַ ליטעראַט?

— דער וואָס איז נישט בלויז אַ ליטעראַט — האָב איך אים אויך מיט אַ שפּאַס געזאָגט — איז בכלל נישט אַ ליטעראַט. עס איז אַפילו נישט גע־נוגענד צו זיין „בלויז אַ ליטעראַט“ — אַזוי שווער איז די אויפגאַבע...

— די אויפגאַבע איז שווער — האָט ער ערנסט געזאָגט — ווייל איהר זענט „בלויז ליטעראַטען“. מען דאַרף בכלל נישט, אַז די ליטעראַרישע אַרבעט זאָל זיין די גאַנצע אויפגאַבע; דאָס דאַרף נאָר זיין אַ רעזולטאַט — אַ רעזול־טאַט פון אַ ממשות'דיגער לעבענס־אויפגאַבע... די „ליטעראַטור“ איז בכלל געווען דער פּונקט, וואָס האָט איהם אַממייסטען וועה געטהון. דער געדאַנק איבער דעם ליטעראַט־אַרבעטער איז איהם געווען זעהר טייער. צו דעם האָט ער זיך איינביג צוריקגעקעהרט און געווידמעט איהם אין „מעברות“ איינעם פון זיינע אויסגעצייכענטסטע אַרטיקלען. אויך איך האָב מיך אַרומגעטראָגען מיט דעם געדאַנק פון פערבינדען די אַרבעט מיט דער גייסטיגער שאַפונג, נאָר ער האָט עס אַנדערש אויפגעפאַסט. עס איז פאַר איהם נישט גענוג, ווי איך האָב פאָרגעלעגט, צו ווידמען איינינע שעה פאַר פיזישע אַרבעט און נעהמען זיך צוריק צו דער הויפּט־אַרבעט פון ליטעראַט. די אַרבעט, וואָס ברענגט נישט דעם גוף, איז פאַר איהם נישט געווען אַ ממשות'דיגע אַרבעט, וואָס דערנעהנ־טערט צום לעבען און צו די ליידען פון מענש. ער האָט אויפגעפאַסט די אַרבעט אַזוי ווי זי דאַרף באמת זיין — אַלס צייטווייליגע אַרבעט...

* *
*

ווען איך בין געווען אין דגניה, בין איך פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען אין פעלד און געפונען דאָרט אַ קליינע גרופּע פון די פערמער־אַרבעטער, וואָס זענען בעשעפטיגט געווען מיט אַרויסרייסען דעם אינדזשיל (ווילדע גראָז). דאָס גראָז, וואָס זויגט אַרוים די גאַנצע פעטקייט, לאָזט טיעף זיינע וואורצלען און פער־פערשפּרייט זיך אונבעמערקט אין דער ערד. דער אַרבעטער מוז זיין אויסער־געוועהנליך געדולדיג, בכדי צו געפינען די דאָזיגע פערניכטענדע אָדערן, וואָס ציהען זיך אונטער דער ערד אָפטמאָל אויף דער לענג פון גאַנצע דונאַמען און אויסראָטען זיי און זייער פערשאָלטענע עקזיסטענץ.

— דאָס איז די בעליעבסטע אַרבעט פון גאָרדאָנ'ען — האָט מיר געזאָגט אַ יונגערמאַן — מיט אַרויסרייסען דעם אינדזשיל איז ער גרייט געווען בע־שעפטיגען זיך גאַנצע טעג, נאָכיאָגענדיג זיך מיט זיינע שוואַכע פינגער, ווילענ־דיג איהם פערניכטען ביז'ן לעצטען שורש...

דער אינדזשיל איז געווען פאר איהם א סימבאָל פון דעם, געגען וואָס ער האָט איינגעקעמפט — דער סימבאָל פון פאראזיטיזם, די אונפּרוכטבאַרע כחות, וועלכע פערניכטען דעם גוף פון פאָלק און זיין גייסט. און גלייך ווי אין זיין גאַנצער שעפעריש-ערציהערישע ארבייט האָט ער געשטרעבט אויסרייסען אַלדאָס ביז׳ן לעצטען ווארצעל.

ער האָט זיך געווים פאָרגעשטעלט דעם אינגדזשיל אַלס אַנ׳אַנדער גע-וואוקס, וואָס פערניכטעט און פערשטערט דעם באָדען פון פאָלק — דאָס גע-וויקס פון בטלה...

**יעקב פיכמאַן.**

(התקופה יז׳—יח׳)

פון העברעאישען דורך **מ. טאצא.**



# אַפּאָריזמען און געדאַנקען

## פון א. ד. גאָרדאָן.

העבודה לחדוש החיים היא ביסודה עבודה לתקון האדם מיסודו.

*

האדם צריך להשיג בכל ישותו, כי הוא וההויה העולמית חד הוא.

*

מתוך החיים לא תצא בן-אדם לא בחייך ולא במיתתך!

*

האדם צריך להשתחרר מן האדם, האדם המצומצם.

*

האדם מתחיל מן היחיד, מן היחיד שבכל אדם. רק בנפש היחיד יש מקום ליחסים גדולים. יחס גדול אל עצמו, הרי זה אומר — יחסים גדולים אל הכל — אל הטבע, אל האדם, אל כל מה שחי ואל כל מה שהוה.

*

מכל הסתירות, שהאדם מוצא בחיים ובעולם מתוך אספקלריותה של ההכרה, הסתירה היותר עמוקה, היותר תהומית היא — ההכרה בעצמה; היא המולידה כל הסתירות.

*

דוקא די יעניגע, וואָס זוכן גרויסע אידעאַלען און א גרויס לעבען, שפּרינגען איבער פון פערזאָן צו דער אַבסטראַקטער מענשהייט.

בחיים אין חומר בלי רוח ואין רוח בלי חומר. כן הוא בחיי כל גוף חי, וכן הוא בחיים הקבוציים של גוף קבוצי חי, במדה שהוא חי ובריא. זהו הקריטריון של החיים: כנגד כל אטום של חומר — טפה של רוח, וכן, להיפך, כנגד כל טפה של רוח — אטום של חומר.

*

האומה, כעין משפך, אשר מצדו הרחב, הקולט, הוא קולט לתוכו את ההויה לאין סוף, ומצדו המצומצם, הפולט, הוא מכניס את הכל לתוך נשמתו של היחיד.

*

אנחנו בראנו לטבע ארצנו ניב־שפתים ואמרנו: „אדם בצלם אלהים". עתה אנחנו באים לברוא לטבע זה החי בנו ניב חדש ואומרים: „עם בצלם אלהים".

*

האומה נשארה בהתפתחותה על אותה המדרגה, שעמד עליה האדם הקדמון.

*

העיקר הוא לא הכסף. צריך לעורר את עם ישראל אשר בגולה, את כל העם.

*

אנחנו נלך אל העם. עמו יחד, ברפשו ורקבונו, נחכה לגאולה, לגאולתו הוא ולגאולת כל האנושיות. ואולי נבקש דרך להצמיח את הגאולה מעצם רפשו ורקבונו. גם על „אולי" זה נדע לתת את נפשנו.

*

לא לתת לארץ ישראל אתם באים לעורר את בני הגולה, כי אם בעיקר לקחת מארץ ישראל, מה שהיא יכולה לתת להם.

*

דאָס פאָלק איז מעהר ווי אַ סאָציאַלע גרופּע. דאָס פאָלק איז דער מענש, דער מענשליכער איך, אַ געוויסע טייל פון דער נאַטור אין פערשידענע געשטאַל־טונגען און ערלעבניסען.

*

תחית העם קודמת לגאולת האדמה.

*

דער מענש ענטפּלעקט זיך אין סטיל און דאָס פאָלק אין דער שפּראַך.

*

כחנו ביצירה ובה גם זכותנו על הארץ וצדקת תביעתנו עליה.

בלאומיות יש מומנט קוסמי, כאלו תאמר: רוח הטבע של ארץ מולדת האומה, שנתמזג ברוחה של האומה וזה עיקר. זהו מקור החיים והיצירה, מקור השפע העליון של האומה.

*

ביצירה, ביצירה בכלל ובתחיה לאומית בפרט, נוהג הכלל: תפסת הכל — תפסת, לא תפסת הכל — לא תפסת כלום.

*

חסד לאומים חטאת. אין עם מקבל תחיה וגאולה בחסד וצדקה. כחו בו בעצמו.

תנו לנו את הדקלרציה העצמית — הדקלרציה של העם.

*

החיים חזקים מכל חורבן החיים.

*

על כרחך אתה חי. ההבדל ביני ובין אחרים הוא בזה, שהם מדגישים את ה„על־כרחך“ ואני מדגיש „אתה חי“.

*

מהחיים אסור להסיח דעת אף לרגע. ומה היא הספרות — הספרות היפה והאמנות וכו' — אם לא אמצעים להסיח דעת מהחיים, לברוח מהחיים לעולם של יופי, של מחשבה, שירה ויצירה? אסור לברוח, אסור להתעלם. או חיים, או מות, מות ממש. דבר שלישי אין.

*

הצרה היא לא צרת הדעת היתרה, כי אם צרת החיים החסרים.

*

החיים הולכים בלי דרך, מתחדשים ומחדשים בלי תכנית.

*

חנוך הדור החדש צריך להתחיל מחנוכם העצמי של ההורים.

*

בפועל ישנה תנועת פועלים, הרחוקה עוד מרחק רב מתנועת העבודה, במובן המכוון בזה.

*

אין כל השכלה שבעולם ואין כל אידיאל שבעולם שוים בנזק „אני“ אחד, כי השכלה כזאת איננה השכלה ואידיאל כזה אינו אידיאל.

*

מלחמתנו אינה מלחמת העבודה והרכוש אלא מלחמת הפרזיטיות והיצירה.

געזאמעלטע דורך א. ל.

